סומע געלד. אָט די מסירה האָט דון יוסף נישט געקענט מוחל זיין, און נאָכדעם ווי ער איז בעפרייט געוואָרען פון תפיסה, האָט ער ווידער איינעם פון זיינע מוסרים פערוויקעלט אין אַ שווערען פּראָצעס. דערווייל איז דער קעניג, העינריך, געשטאָרבען און דעם טראָן האָט געירשה'נט זיין זוהן יואן (1379); האָבען די רבנים אויסגענוצט דעם טומעל פון דער קאָראָנאַציע און אויף גיך פערמשפּט דון יוסף'ן צום טויט — גאָר אָהן זיין וויסען און אונטער די אויגען. דערביי האָבען זיינע שונאים פאַר געלד אַרויסבעקומען די נויטיגע פאָרמאַליטעטען — אויך דעם קעניגס אונטערשריפט — און דער אורטייל איז אויסגעפיהרט געוואָרען נאָך איידער אימיצער האָט צייט געהאַט, זיך אַרומצוקוקען. לאַנג האָט אָבער די זאַך נישט געקענט בלייבען פערשוויגען, און ווען דער יונגער קעניג האָט זיך דערוואוסט, אַז מ'האָט אויסגענאַרט ביי איהם זיין אונטערשריפט אויף אַ אונגערעכטען טויט-אורטייל, האָט ער געלאָזען טויטען די עקזעקוטאָר'ס פון דעם יודישען געריכט, וואָס האָבען דעם אורטייל אויסגעפיהרט, איינעם פון די רבנים-ריכטער און דעם פאָרשטעהער פון דער מאַלט, וואָס האָט געהאָלפען אַרויסבעקומען די נויטיגע פּאַפּירען. חוץ דעם האָט דער קעניג אָבגענומען פון די יודישע געריכטען דאָס רעכט צו משפּט'ען דיני נפשות, און בכלל אָנגעהויבען שטאַרק נאָכצוקוקען און צו קאָנטראָלירען די אינווייניגסטע יודישע אָנגעלעגענהייטען.

אָט די יודענפיינדליכע שטימונג פון קעניג איז באַלד אויסגענוצט געוואָרען פון דער קריסטליכער קאַסטילישער בעפעלקערונג, וועלכע איז אויך געווען שטאַרק אויפגעבראַכט איבער דער רציחה פון דעם יודישען בית דין, און די קאָרטעס'ען (פאָלקס-, אדעלס-פערזאַמלונגען) אין וואַלאַדאָליד האָבען פאָרגעלעגט דער רעגירונגס-מאַכט, איינצופיהרען פאַר יודען דעם קאָדעקס פון די אַמאָליגע וועסטגאָטישע מלכים. און דאַן יואן האָט ווירקליך בעשטעטיגט אַ גרויסען טייל פון דעם קאָדעקס; יודען איז אונטער אַ שטרענגער שטראָף פערבאָטען געוואָרען צו וואוינען אינאיינעם מיט קריסטען, צו האַלטען קריסטליכע אַמ'ען פאַר זייערע קינדער און מגייר צו זיין אַ מחמר'נער אָדער ווען ס'איז פון אַנ'אַנדער גלויבען. שפּעטער האָט דער זעלביגער הערשער דערווייטערט יודען כמעט פון אַלע מלוכה-פּאָסטענס.

אין דער צייט האָבען זיך געשטאַרקט די רדיפות געגען יודען אויך מצד דער קירך. דאָס קאַטוילישע קריסטענטום האָט אין

פיערצעהנטען יאהרהונדערט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון מיטעלאלטערישען בארבאריזם, און דערצו זענען נאך צוגעקומען די ליידענשאפטליכע ארומרייסעניש‏ען און מחלוקת׳ען אין די רייהען פון דער קירך גופא, וואס האבען די גיפטיגע יודען-שנאה נאכמעהר פונאנדערגעקאכט. אין פראג האבען די גייסטליכע אויפגעהעצט דער בעפעלקערונג צו א שרעקליכען פאגראם: עס זענען טויזענדער יודען געטויט געווארען און דערצו האבען די רוצחים געשענדעט אלע יודי־שע הייליגקייטען (1389). נישט פיעל מעהר מענשליכקייט בנוגע צו יודען האבען ארויסגעוויזען די גייסטליכע אין פראנקרייך; מיט יעדען טאג זענען ארויסגעשטעלט געווארען נייע בעשולדיגונגען געגען די „אונגלויביגע”, פון וועלכע זיי האבען קיין מעגליכקייט נישט געהאט, זיך ריין צו וואשען, ווייל יענע, וואס האבען די בעשולדי־גונגען ארויסגעשטעלט, זענען אליין אויך איבערצייגט געווען אין זייער נישטיגקייט. ביי אזא לאגע איז דאס לעבען פון די אונגליקליכע פער־וואנדעלט געווארען אין א אייביגען גיהנם, און דערצו האבען זיי שטענדיג געמוזט נרייט האלטען דעם וואנדער־שטעקען; דען פראנקרייך האט זיך געשפיעלט מיט איהרע יודישע געמיינדעס, ווי מיט א הויפען שוצלאזע, פעראכטעטע ציגיינער: אין א משך פון עטליכע צעהנדליג יאהר האט זי די יודען פערטריבען, צוריקגערופען און ווידער פער־טריבען, אבהענגיג פון די קאפריזען פון איהרע קירכליכע טאנ־געבער.

און ביי די קאפריזען אליין האט זיך די קירך נישט אבגע־שטעלט. די רעליגיע פון דער גרויסער ליעבע האט זיך פערבענקט נאך מענשען-בלוט, נאך פאקעל־צונגען פון מענשליכע לייבער, און באלד האט זיך אויף דער פירענעאישער האלב־אינזעל אנגעהויבען די ארגיע פון דער איגקוויזיציע מיט איהרע אוטא־דא־פע׳ס, — די ארגיע, וואס האט מיט פייער און בלוט בעפעסטיגט דעם שטראהלען־קראנץ אויפ׳ן קאפ פונ׳ם אייביגען מערטירער, אייביגען וואנדערער, אייביגען יודען. —